שניאור זלמן שניאורסאהן

# װעגען פריינקרייך
# װעגען מאראקא
# װעגען תורת הבעל שם טוב



געלייענט געװאָרען אויף דער זיצונג פון

אגודת האדמורי"ם אין ניו יאָרק,

ח"י אלול, תשי"ד



ארויסגעגעבען דורך דעם

„ועד בנין ישיבת הבעל שם טוב"

ערב ראש השנה — הבאה עלינו לטובה — תשט"ו

# ועד בנין ישיבת הבעל שם טוב

American Committee For The Support of
YESHIVATH BA'AL SHEM TOV, INC.
132 East 51st Street Brooklyn, N. Y.
Telephone: PResident 4-6318



ב"ה. ער"ה תשט"ו.

דער גרינדונג'ס קאָמיטעט פון ישיבת הבעל שם טוב, האָט דעם כבוד אַרויסצוגעבען דעם בייגעלייגטען באַריכט און אויפרוף פון כבוד הרב הגדול מוהר"ר שניאור זלמן שליט"א שניאורסאָהן, דער הויפט רב פון דעם אָרטאָדאָקסישען אי־דענטום אין פראַנקרייך פון 1935 ביז 1947 יאָר.

הרב שניאורסאָהן שליט"א האָט זיך מיט אַ יאָר צוריק אומגעקערט פון אַמעריקע אין יוראָפּ צוליב דער ארבעט צווישען דער יוגענט פון צפון־ אפריקע און פראַנקרייך.

צוליב דער יוגענט איז דער אויבענדערמאָנטער קאָמיטעט געגרינדעט געוואָרען. די ערשטע פּאָר חדשים, ביז עס וועלען, אי"ה, געשאַפען ווערן די ערשטע נויטיגע גרינדונג'ס פּאַר 2 יוגענט אינסטיטוציעס, וועט הרב שניאורסאָהן שליט"א פער־

זענליך אָנפירען מיט דער אַרבעט פון דעם קאָמיטעט. אין אָנפאַנג כסלו, תשט״ו פאָרט הרב שניאורסאָהן שליט״א אָפּ ווידער אין פּאַריז, פראַנקרייך, וואו זיין אַדרעס איז:

Rabbi Z. Chneerson 10, Rue Dieu. Paris 10e, France

דאָס איז אַן אַדרעס וועלכער איז בעקאַנט צו טויזענטער אידען אין יעדען לאַנד.

מיר ווייסען די גרויסע שוועריגקייטען באַ די צייטען צו זאַמלען געלט. מען דאַרף האָבען ממש מסירת נפש און אפשר אויך אַ נס אַז די 2 יוגענט אינסטיטוציעס זאָלען געשאַפען ווערן. אָבער מיר ווייסען אַלע פון נאָך אַ מסירת נפש, און נאָך אַ נס: דאָס איז די אַרבעט פון הרב שניאור־סאָהן שליט״א אין דער צייט פון קריג. די גאַנצע צייט פון קריג איז הרב שניאור זלמן שניאורסאָהן געשטאַנען אונטער דעם פייער פון דער דייטשער אָקופּאַציע און האָט געאָפּפערט זיין לעבען, — און אזוי אויך האָט געטאָן זיין פאַמיליע — צוליב דער רעטונג פון הונדערטער קינדער און דער הילף פאַר טויזענטער נויטבאַדערפטיגע.

ניט צופעליג איז דער כבוד צו אונטערשרייבען די דאָ־זיגע שורות אויסגעטיילט געוואָרען צו אונז, די חתומים מטה, נאָר ווייל מיר זיינען געווען די עדי ראיה. מיר זיינען געווען די וועלכע זיינען בייגעווען אונטער דער אָקופּאַציע און זעלבסט געזעען די הייליגע ארבעט פון הרב שניאורסאָהן שליט״א אין מיטען דער קריג ממש.

דעריבער וועט אונזער קאָמיטעט בעזרת השם שטענדיג אַפּעלירען צו יעדען ערליכען מענטש, צו יעדער ערליכער אָרגאַניזאַציע, און בעטען צו רעאגירען אויף דער נייער ארבעט

פון הרה״ג שניאור זלמן שליט״א שניאורסאָהן, אויך מיט מסירת נפש. די אידישע יוגענט פון מאראָקאָ, טוניס און אַלזשיר דאַרף גערעטעט ווערען. 100 יוגענטליכע, קוואַליפיצירטע אינסטרוקטאָר״ס, מחנכים, — דאָס איז די גרעסטע מתנה וואָס מיר קאָנען מאַכען פאַר יענע לענדער. די ישיבות בעל שם טוב הקדוש דאַרפען געגרינדעט ווערן. גליקליך זיינען די וועלכע וועלען האָבען דעם אייביקן כבוד צו זיין פון די ערשטע גרינדער.

## בברכת כתיבה וחתימה טובה

אין נאָמען פון קאָמיטעט:

אריה אברהמסון
משה גאנאפאלסקי
יצחק אייזיק שיינפעלד

מיר בעטען אויסצושטעלען די טשעק׳ס אויף דעם נאָמען:

YESHIVATH BA'AL SHEM TOV, Inc.

און שיקען אויף דעם אַדרעס פון קאָמיטעט.



## שניאור זלמן שניאורסאהן

הנה ימים באים נאם ד' ה' והשלחתי רעב
בארץ לא רעב ללחם ולא צמא למים כי אם
לשמע את דברי ה'. (עמוס ח'־י"א)

ב"ה.

אל עם קדוש, אמוני ישראל, ואל נשיאיהם, גאונים וקדושים, ברכות שמים עליהם.

### א

מיט דער גאנצער הכנעה וואס א מענטש קאן אין זיך האבען בעט איך אייך צו בעטראכטען בישוב הדעת דעם ענין וועלכען איך האב דעם כבוד פאר אייך פארצובריינגען.

קומענדיג אין פראנקרייך צוריק, אין ענדע תשי"ג האב איך כמעט ניט דערוויסט קיין רושם פון אונזער פריערדיגער פערצווייגטער ארבעט. די קינדער און תלמידים פון אונזערע היימען געפינען זיך ב"ה אין ארץ ישראל, אמעריקע און אנדערע לענדער. איך האב בכלל ניט געפונען אין פראנק־רייך קיין בעזאנדערע טעטיגקייט פון עלטערע רעליגיעזע עלעמענטען.

דאַגעגען האָב איך דערוויסט אַ וואונדערליכע ערשיי־נונג: פראנצויזיש ריידענדע יוגענט וועלכע רייסט זיך צו אידישקייט. די ווערטער: „בעל תשובה", „בעלי תשובה" זיינען געווארען לעבעדיגע, גייענדיגע ווערטער אין פראנק־רייך.

עס איז נאך א יונגע באוועגונג, אבער דאך א באווע־גונג. די עלטערע, אַזוי צו זאָגען בעלי בתי׳שע עלעמענטען, וועלכע זיינען שווער אויף תנועה, אויף באוועגונג, פארשטייען ניט אזוי גוט די יונגע. זיי, די עלטערע, קוקען אפילו אויף מיר אַביסעל „קאָסע״ וואָס איך „צאַצקע״ זיך מיט די „מלאי מצות׳ניקעס״. ס׳איז ריכטיג: די באַוועגונג פון די יונגע איז בא מיר טייער און איך וויל זיין מיט זיי.

איך קאנט געפינען צווישען די יונגע אזא וואס האט נאך מיט זעקס יאר צוריק גארנישט ניט געוואוסט פון אידי־שקייט און איצט איז ער מחייב בקימה א גדול בישראל. א גדול בישראל דארף זיך אויפשטעלען פאר אים, פאר דעם אור אלקי וואס לייכט אין זיין עבודה פון תורה ותפלה. ער לערנט בעיקר תורה הנגלית און איז מדקדק אין קיום המצות בדיוק גמור. ווי ער, אַזוי אויך זיין פרוי און קינדער.

א געוויסע טייל פון דער יוגענט איז נתקרב געווארען צו אידישקייט למחצה ולשליש און איז זעהר ארים אין ידיעת התורה, אפילו תורה שבכתב. רובם ככלם זיינען סטודענטען פון קאללעדזשעס און אוניווערסיטעטען. בכלל, איז דאס א באוועגונג פון דער אינטעלעקטועלער יוגענט, ניט בעלי מלאכות אדער ביזנעסלייט. פילאזאפיע אין אלגעמיין און רעליגיעזע חקירה בעזאנדער איז בא זיי א טאג־טעגליכע זאך. אבער דאך זע איך בחוש ווי אט די חקירה וועלכע איז א מאל מטמא את הטהורים העלפט א מאל צו מטהר זיין טמאים. יעדענפאלס, די יוגענט וועגען וועלכער מירריידען דא איז א הייליגע יוגענט, וועלכע ווערט טאג טעגליך נעענטער צו אידישקייט.

זיי אינטערעסירען זיך מיט פנימיות התורה, זיי ווילען וויסען וואס איז דאס חסידות, וואס איז קבלה, און וואס איז דער תכלית פון אידישקייט. איר קאנט זיי ניט ענטפערען איינפאך, מיט א דחי׳ בקש. איר מוזט זיי לערנען. און דוקא דער לערנען פון ענינים עמוקים פועל׳ט אויף זיי צו גוטען.

איך האב אויך רעספעקט גלייך מיט אייך פאר דעם כבוד אלקים הסתר דבר. און דאך טראכט איך ניט אז דער אויבערשטער יתברך מיט וועמענס רחמים מיר לעבען, וויל אז מען זאל זיך צו דער יוגענט ניט צוהערען.

איר זאגט אז מען קאן דאס ניט צוגלייכען צו תלמידי הישיבות וועלכע לערנען פשוט תורה א גאנצען טאג. ווער זאגט דען אנדערש. אבער, עס זיינען דא דברי תורה וועלכע מען פארשטייט נאר דענסמאל ווען מעשה בא לידך, ווען מען לעבט דאס איבער.

דער בעל שם טוב הקדוש האט געזאגט אויף דעם פסוק „כן בקדש חזיתך", אז „כן" מיינט צו זאגען „הלואי". הלואי זייענדיג בקדש זאל איך האבען אזא צמאון צו אלקות ווי דער צמאון וואס איך האב געהאט צו אלקות בעפאר איך בין בקדש געווען. דער מאמר ווערט אייך מער פאַר־שטענדיג ווען איר זעט די יוגענט אין פראנקרייך.

אז איינער איז אין פארצווייפעלטען מצב זוכט ער מיט אלע מיטלען זיך צו רעטען. ער זוכט שטארק, ערנסט, טיף. די אויבענדערמאנטע יוגענט וויל בלייבען בא אידיש־קייט. זיי זיינען אבער בארץ ציי׳ ועיף בלי מים, אן תורה. איז דער ווילען זייערער צו בלייבען בא אידישקייט א פאר־צווייפעלטער ווילען. און זייער פארצווייפעלטער מצב צווינגט זיי צו זוכען די טיפקייט פון אידישקייט. זייער צמאון, בארץ

צי׳ ועיף בלי מים איז גאר ל ך, צמאה ל ך נפשי, צום נותן התורה. די וועלכע זיינען שוין בקדש ב״ה, זיינען מער ניט פארצווייפעלט, זוכען זיי ווייניגער און האבען ניט אזא צמאון לדבר ה׳.

די אונטערשטע שורה: אידען וועלכע ווילען דינען דעם אויבערשטען יתברך און וואס לבם דואג בקרבם אז עס זאלען זיין עובדי ה׳ ווען מיך פארשטיין ווען איך וועל זאגען אז אין פראנקרייך האט געדארפט זיין א ישיבה וועלכע האט א וועלכען עס איז קאנטאקט מיט דער יוגענט פון פראנקרייך ככתבם וכלשונם, א ישיבה וועלכע לערנט רובו של יום ש״ס ופוסקים, און האט א קביעות אויף למוד תורת הבעל שם טוב ז״ל. עס קאן זיין אז פון אזא ישיבה וועט ארויסגיין תורה הנגלית ניט ווייניגער ווי פון אן אמעריקאנער ישיבה. אידישקייט וועט ארויסקומען פון דארטען זיכער ניט ווייניגער.

ב

ערלויבט מיר, אגב, צו דערמאנען אונזערע „נשכחות״, די קריג׳ס יתומים וועלכע זיינען פערבליבען אין ניט־אידישע הענט. מיר האבען ניט וואס צו ריידען בא היינטיגען טאג וועגען די קינדער וועלכע געפינען זיך הינטער דעם „אייז־ערנעם פארהאנג״ און ניט וועגען די וועלכע זיינען אין די הענט פון דער קאטוילישער קירכע, וואס האט זיי גאסט־פריינדליך ארייגענומען און מער קיין מאל ניט ארויסגע־געבען. מיר ריידען וועגען די קינדער וואס זיינען געבליבען בא פריוואטע מענטשען, ניט־אידען, וועלכע האבן זיי אדאפטירט.

אין יאר תש״ו (1946) האב איך זיך שריפטליך געווענ־דעט צו 38 טויזענט מוניציפאליטעטען אין פראנקרייך און

געפרעגט אויב זיי ווייסן וועגן קינדער פון אונ־
זערע קדושים הי״ד, פערבליבענע בײַ ניט־אידען. ניט
קוקענדיג וואָס די פראַגע איז געווען פאַר די מוניציפּאַלי־
טעטען, אזוי צו זאגען, דעליקאט, האבען דאך זייערע ענטפערס
געגעבען א גוויסן מאטעריאל, וועלכער איז צום באדוערען
ניט אויסגענוצט געוואָרען, איבער פערשידענע סיבות.

די וועלט האט בכלל אויף די קינדער שוין פארגעסען.
ערגעץ וואו קעמפט נאך א שוועסטער, א מומע, מיט די
לעצטע כחות פאר זייערן א קינד. אבער אזוי איז שוין שא
שטיל געווארען. עס האבען נאר ניט פארגעסען זייערע
קינדער די עלטערען, ערמאָרדעטע פון די דייטשע רוצחים,
און דאָרטען וואו זיי, די עלטערען, זיינען האָבען זיי קיין
רו ניט.

און די קינדער דערווייל זיינען שוין אויס קינדער...
אבער דוקא דערפאר וואס זיי זיינען שוין עלטער געווארען
קאנען זיי שוין אין א געוויסער מאס איבער זיך א דעה זאגען.
דעריבער איז זייער צוריקקער צו אידען געווארען פון איין
זייט מעגליכער. צו דעם, ווען די קינדער זיינען קליין געווען
זיינען די וואס האבען זיי אדאפטירט געווען מער צוגעבונדען
צו די קינדער, ווי יעצט ווען די קינדער זיינען עלטער.

אז אן עלטערער קינד באקומט א ידיעה אז ער האט
אַ קרוב ערגעץ אין אַמעריקע, און אַ קינד אין אַלגעמיין האָט
א געפיל פאר נייס, ענדערונגען און נסיעות, הייבט אן דער
קינד דרך אגב טראכטען ווי קומט ער אהער אין דער פאר־
וואָרפּענער דאָרף, וואו ער פּאַשעט די סטאַדע פון זיין פּאַטראָן
און אדאפטירער. אנדערע קינדער דערמאנען זיך אויף זייערע
עלטערען, אנדערע געדענקען נאך עפעס פון אידישקייט.

מיר האבען דא ניט לאנג אין פראנקרייך אזא יוגענט־ליכען געהאלפען צוריק צו אידען קומען. און דא האט זיך פאר אונז געשטעלט די פראבלעם וואהין צו נעמען אים. געזעצליך איז ער זיכער א איד. אבער ער איז ערצויגען ווי א גוי. און דענסמאל האבען מיר געפילט, אז א יוגענט אינסטיטוציע וואלט געקאנט פיל אויפטאן אין דעם אומקער און אין דער איבער־דערציאונג פון די קינדער שנשבו בין הגוים. נאר דער קול פון יוגענט, די שמחה, די פרייד פון אידישע יוגענט קאָן צוריק ברייגנען דעם תינוק שנשבה בין הגוים, צו זיין פאלק און בלוט, צו אידישקייט.

ג

איך וואָלט באגאנגען אַ זינד ווען ריידענדיג וועגען די קינדער פון אונזערע קדושים וואָלט איך ניט דערציילט די אמעריקאַנער אידען וועגען אַ גוטער אָרגאַניזאַציע וואָס געפינט זיך אין אַמעריקע, דאָס איז דער „ועד הצלת ילדים״
CHILDREN SALVATION, INC.
אָנגעפירט דורך דעם באַוואוסטען אינדוסטריעלען מר אבא (אייב) פינקעלשטיין שי׳. בא מיר איז קיין ספק ניט אַז 90 פראָצענט פון די וואָס לייענען מיין באַריכט האָבען דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע ניט געהערט, ווייל דאָס איז אַ צניעות׳דיגע, בעשיידענע אָרגאַניזאַציע, וואָס וויל ניט אויסגעבען קיין געלט אויף אָפיסעס, סעקרעטעריס און פובליסיטי. דאַגעגען, האָבען זיי פיל געלט אויסגעגעבען אויף הצלת ילדים זעלבסט, און האָבען געהאַט ערפאָלג אין זייער אַרבעט. איך האָב געהאַט דעם כבוד בייצווזיין 2 זיצונגען פון זייער קאָמיטעט און בין געווען גערירט צו זעהען וויפיל

געזונד גיט אַוועק אויף דעם ענין כ״ק האדמו״ר מקאפּיטשיניץ שליט״א און וויפיל צייט און ענערגיע גיט אָפּ אויף דעם דער חשובער פּרעזידענט פון דער אָרגאַניזאַציע מר אייב פינ־קעלשטיין שי׳. די טרעזשורי פון דער אָרגאַניזאַציע איז אבסאָלוט ליידיג און עס איז קיין וואונדער ניט: באַ זייער ניט־ליב האָבען פּובליסיטי איז שווער צו האָבען די נויטיגע מיטלען. איך בין מגלה סוד און גיב אייך גערן זייער אַדרעס: Children Salvation, Inc., 18 East 48th Street, New York

עס זיינען נאָך דאָ מאַקסימום 2 יאָר וואָס מען קאָן טאָן וועגען ארויסנעמען קינדער און אומקערען זיי צו זייער פאָלק און גלויבען. שפּעטער וועט אַלעס זיין פערפאַלען. מען מוז זיך שטאַרקען צו זיין ענערגיש און טעטיג די 2 יאָר. שפּעטער וועלען די קינדער שוין אַלע פערהייראט און אסימילירט זיין. ווי געזאָגט, האָט זיך די אַמביציע איבערצולאָזען באַ זיך דעם אידיש קינד היבש אָפּגעקילט באַ די אַדאָפּטירער. דער לעבען איז אויך ניט אזוי לייכט אין יוראָפּ און אַמאָל איז דער קינד (בעזונדער, אויב ס׳איז אַ מיידעלע) אַ איבעריג מויל. דער ועד הצלת ילדים מוז באַקומען די פאָנדען וועלכע ער דאַרף פאַר זיין ארבעט.

ד

דורך דער אויבענדערמאָנטער יוגענט האָב איך זיך פאַר־בונדען מיט דעם געדאַנק וועגען דער יוגענט פון צפון אַפריקע (אַלזשיר, טוניס און מאראָקאָ).

אָט די לענדער זיינען ניט גאָר לאַנג געווען מלאות כל טוב אין תורה ויראת שמים. אין אַ געוויסער מאָס זיינען זיי נאָך יעצט אין דער דרגא. איז קיין וואונדער ניט אויב

רעליגיעזע טוריסטען וועלכע קומען אַהין אויף אַ פּאָר טעג ווערען נתפּעל פון די קינדער וואָס לערנען דאָרטען תורה. אָבער דער אמת איז אַז די יוגענט פון די לענדער געפינט זיך, ווי זיי דריקען זיך אויס, במדרון. זייער אידישקייט גייט באַרג אַראָפּ. די שטימונג, בהנוגע צו יהדות, איז אַ שטימונג פון נפילה. די יוגענט שטייט אין אַ סכנה צו אָפּגעריסען ווערען פון אידישקייט. אַנדערש געזאָגט, דער רעליגיעזער אידענטום שטייט אין אַ סכנה פון פערלירען דעם יוגענט פון יענע לענדער.

דאָרטען אין יענע לענדער, איז ניטאָ קיין מיטען בהנוגע צו אידישקייט. די יראים זיינען קצוניים, עקסטרעם. דאַגעגען, די וועלכע רייסען זיך אָפּ פון אידישקייט גייען אַוועק מן הקצה אל הקצה, צו דער פולער אַססימילירונג און שמד ר״ל.

דאָס איז וועגען דער שטימונג פון דער יוגענט. וואָס הערט זיך דאָרטען בהנוגע צו תינוקות של בית רבן? און דאָרטען, אין אַלגעמיין, ווילען דאָך אַלע עלטערען אַז זייערע קינדער זאָלען לערנען. וואָס טוט זיך אויף דעם געביט?

ערלויבט מיר צו ציטירען פּאַר אייך אַ טייל פון „באַריכט פון דער פערטער כנסי׳ גדולה פון אַלוועלטליכער אגודת ישראל״, געדרוקט אין „דאָס אידישע וואָרט״, נומער 8, תמוז־אב, תשי״ד, ניו־יאָרק.

„אַ האַרצרייסענדע ווענדונג צו דער כנסי׳ גדולה וועגען דעם מצב אין צפון־אַפריקע איז אָנגעקומען פון מר. י. אל־מאלי׳, פון די הויפּט חנוך עסקנים אין מאראקא, אין וועל־כער ער שילדערט דעם קלאָגעוודיגען מצב פון תורה׳דיגען חנוך אין צפון אַפריקע. אין זיין ווענדונג שילדערט ער דעם אמאָליגען גלאַנץ און פּראַכט פון צפון־אַפריקאַנישען אי־

דענטום וועלכער געפינט זיך אָבער זינט צענדליגער יאָרען אין אַ מצב פון ירידה. ערשט אין די לעצטע יאָרען איז אריינגעטראָטען אַ שנוי לטובה דורך דער אָרגאַניזאַציע „אוצר התורה", געגרינדעט פון דעם באַקאַנטען תורה־פילאַנטראָפּ ר' יצחק שלום, פון ניו יאָרק. עס זיינען אנשטאַנען אַ גרויסע צאָל תורה־מוסדות וואו בערך 13 טויזענט אידישע קינדער באַקומען אַ תורה'דיגע דערציאונג. אַ גרעסערע צאָל עלטערע יוגענטליכע זיינען געשיקט געוואָרען אין ישיבות אין ענג־לאַנד, ארץ ישראל און אַנדערע לענדער. אָבער נאָך אַלץ זיינען דאָ 28 טויזענט קינדער אין די שולען פון אַליאַנס איזראעליט און בערך 27,000 קינדער באַקומען בכלל ניט קיין דערציאונג, נאָר וואַלגערען זיך אַרום אין די גאַסען.

אין שאַרפע ווערטער באַקלאָגט זיך מר. אלמאלי' געגען דער טעטיגקייט פון דער עלית הנוער פון דער אידישער אַגענטור. אידישע קינדער ווערען פאַרנאַרט. מען זאָגט צו די עלטערען אַ פרומע דערציאונג פאַר זייערע קינדער און לסוף ווערען די קינדער אַריינגעגעבען אין פרייע קינדער־היימען און לינקע קבוצים, וואו מען רייסט אַרויס פון זיי יעדען שפור פון רעליגיעזיטעט. מר. אלמאלי' בעט, אז די אגודה זאָל פאָדערען פון עלית הנוער איינמאָל פאַר אלע מאָל אָפּ־שטעלען דעם דאָזיגען סקאַנדאַל. אַלע אידען פון מאראָקאַ קענען באַצייכענט ווערען אַלס פרומע אידען. ניט פאַראַן קיין איד אין מאראָקא וואָס עסט אין יום כפור, עסט חמץ אין פסח אָדער גייט ניט אין שול. ניט פאַראַן קיין שום באַרעכטיגונג צוצונעמען זייערע קינדער אין פרייע קינדער־היימען". עד כאן לשונו בהנוגע לעניננו.

איך בין אַן אומפּאַרטייאישער מענש. אָבער איך האָב קיין גרונד ניט צו צווייפלען, אין דער ריכטיגקייט פון דער געבראַכטער אינפאָרמאַציע, וועלכע שטימט אין אַלגעמיין מיט דער אינפאָרמאַציע פון מיינע קוועלען.

למען הבירור מוז איך זאָגען אַז עס איז דאָ אין דעם אויבען־ציטירטען אַרטיקל אַ זאַך וואָס איז מיר ניט קלאָר. פאַרוואָס ווערען ניט דערמאָנט די קינדער וועלכע לערנען תורה אין מאַראָקאָ דורך דער באַמיאונג פון דער ליובאַוויטש־אָרגאַניזאַציע, וועלכע מאַכט דאָרטען אַ זעהר ערנסטע אַר־בעט. מיר האָבען דעם פולען צוטרוי צו דער אינפאָרמאַציע פון הגאון ר׳ אליעזר סילווער שליט״א (זע טאָג־מאָרגען זשורנאַל פון כ״ו מנ״א, דעם יאָר) וועלכער רעדט וועגען טויזנעטער קינדער אונטער דעם איינפלוס פון דער ליובאַ־וויטשער אָרגאַניזאַציע, אין מאַראָקאָ א. ד. ג. גייען זיי אפשר אריין אין דער צאָל פון די אויבען־דערמאָנטע 13 טויזענט? צום באַדויערען באַזיץ איך ניט קיין סטאַטיסטיק מאַטעריאַל וועגען דעם ענין און איך האָב ניט דעם כבוד צו זיין אין אַן אָרגאַניזאַציאָנעלען קאָנטאַקט ניט מיט דעם „אוצר התורה״ און ניט מיט דער ליובאַוויטש־אָרגאַניזאַציע. לענייננו איז דאָס ניט כל כך נוגע. איך לייג ניט פאָר צו שאַפען אַ דריטע אָרגאַניזאַציע אין מאראָקאָ, הגם מען דאַרף באַגריסען יעדער נייע תורה אָרגאַניזאַציע וואָס זאָל דאָרטען געשאַפען ווערען.

וואָס איך האָב דעם כבוד פאַר אייך פאָרצולייגען איז צו גרינדען אין פראַנקרייך אַ צענטראַלע תורה אינסטיטוציע, וועלכע זאָל צוגרייטען פאַר צפון אַפריקע 100 מורים, מד־ריכים ומחנכים, יוגענטליכע.

עס דאַרפֿען געשאַפֿען ווערן 2 היימען, איינע פאַר בחורים און די 2־טע פאַר מיידלאך, צו 50 יוגענטליכע (פון 15 יאָר און העכער) אין אַ היים.

די היים פאַר די בחורים דאַרף זיין א פולקאָמע ישיבה — **ישיבת הבעל שם טוב.** דער סדר הלימוד דאַרף זיין דער סדר פון א ישיבה: תורה שבעל פה בעיקר, גמרא, תוספות פוסקים, מיט אַ קביעות עתים פאַר תורת הבעל שם טוב ז״ל און זעלבסטפערשטענדליך, תושב״כ והלמודים הנחוצים למחנך.

די היים פאַר די תלמידות דאַרף האָבען לערך די פראָג־ראַם פון דעם סעמינאַר אין גייצאד, ביי לונדון. דער נאָמען פון דעם היים — **בנות הבעל שם טוב.**

די גרעסטע טייל פון די קינדער איןביידע איסטיטוציעס דאַרף גענומען ווערען פון צפון־אַפריקע, פון אַלע 3 לענדער — מאראָקאָ, אַלזשיר און טוניס,, פראָפאָרציאָנעל.

און דערפאַר וואָס דער צוועק פון די ביידע אינסטיטוציעס איז צו בריינגען שפּעטער זייערע ידיעות אין די לענדער פון וואַנען די יוגענט איז געקומען, מוז מען וויסען אין ביידע אינסטיטוציעס די פראַנצויזישע שפראַך. בני תורה, וועלכע ריידען ניט פראַנצויזיש קאָנען ניט האָבען קיין השפעה אויף דער יוגענט פון די אויבענדערמאָנטע לענדער.

זיכער איז אַז איינע פון די הויפּט־סיבות פון דער ירידה רוחניית אין יענע לענדער איז די אָרעמקייט פון רעליגיעזע אידען און די פרימיטיווע באַדינגונגען פון זייער לעבען. די יוגענט דענקט אַז אידישקייט איז פרימיטיוו, אז אידישקייט איז אָרעם.

מיר ווייסען גוט אַז בויען אַזעלכע אינסטיטוציעס אין צפון אַפריקע גופא וועט קאָסטען ביליגער ווי בויען זיי אין צענטער פון יוראָפּ, נאָר, ווען אפילו מען זאָל געפינען דעם געהעריגען פערסאָנאַל צו פאָרען אַהין אין צפון אַפ־ריקע, וואָס דאָס איז אויך אַ געוויסע פּראָבלעם, וועט קיין מאָל ניט אויסבילדען זיך אין יענע באדינגונגען דער טיפּ פון מורה, מדריך, רב, וואָס ס׳זאָל האָבען די נויטיגע השפּעה אויף דער מאַססע פון יוגענט דאָרטען.

הונדערט יוגענטליכע, וועלכע וועלען געבראַכט ווערען אין צענטר פון יוראָפּ וואו זיי וועלען אי״ה ווערען מופלגים בתורה ויראה, און וועלען זיך בעקאָנען מיט דער וועלט השקפה, וועלען ווערען אַ ברכה פאַר זייערע לענדער.

זיי וועלען דערציילען דער יוגענט אַז מען קאָן זיין אַ איד אין הויז און אין גאַס, און לעבען אין מענשליכע קאָנדישענס. זיי וועלען דערציילען ווי עס לעבען אין יוראָפּ און אַמעריקע אונזערע קינדער, זין און טעכטער, יראים ושלמים. און ווען מען זאָל מיך פאָלגען דאַרף אַ טייל פון די תלמידים און תלמידות לערנען אויך איינגליש. דאָס איז די הוראת שעה און דער עת לעשות לה׳.

און דיביידע אינסטיטוציעס אין פראַנקרייך — אויב זיי וועלען זיין מענשליך באַזאָרגט מיט דאָס וואָס זיי דאַרפען — הייזער, שפּייז און הלבשה — וועלען אויפהייבען פראַנקרייך, צו א הויך וואָס מען קאָן יעצט גאָר ניט משער זיין. און איך בעט דעם אויבערשטען ית׳ אַז מיינע אויגען, אונזערע אויגען, זאָלען דאָס זעען.

אַ טייל קינדער, פראַנצויזיש ריידענדע, דאַרף זיין אויך גענומען פון פראַנקרייך גופא. ווען די קינדער פון צפון

אפריקא וועלען ריידען פראַנצויזיש וועלען זיי ניט אַרויפ־
קוקען מער מיט קנאה צו די קינדער וועלכע לערנען אין
די שולען פון אַליאַנס איזראעליט. ווי די פּאָליטישע לאַגע
זאָל ניט זיין, דאַרף מען וויסען אַז דעם קולטורעלען איינפלוס
וועט פראַנקרייך אָנהאַלטען אויף יענע לענדער, יאָרען לאַנג.

און אויב איר זאָלט צולאָזען דעם געדאַנק אַז מען מוז
זיך ענטשליסען צו אונטערנעמען די איבערזידלונג פון אידען
פון יענע לענדער, און זיכער ווילט איר אויסמיידען די
פּיינליכע, שענדליכע מאָמענטען פון קינדער כאַפּעריי דורך
פערשידענע אָרגאַניזאַציעס (און ווינציגער פון אלעמען —
דורך רעליגיעזע) וועט איר באשליסען אַז 100 יוגענטליכע
תלמידי חכמים און קעמפפער פאַר אידישקייט וועלען זיין
די שלוחי הצלה פאַר דעם גאַנצען יוגענט אין יענע לענדער.
קיין אין מינוט טאָר מען מער ניט פאַרלירען אין דער אַרבעט
פון צוגרייטען די געהעריגע קאַדרען.

די גרינדונג פון דיביידע הייזער איז נוגע אידען כאישון
בת עין, ווי דער שוואַרצאַפּעל פון אויג.

דער אויסהאַלט פון 2 אויבענדערמאָנטע מוסדות אין
האַרץ פון יוראָפּ, דאַרף קאָסטען הונדערט טויזענט דאָלאַר
אַ יאָר.
דער דויער פון לערנען דאַרף זיין 3 יאָר.

וואו וועט מען נעמען די מיטלען אויף צו דעקען די
אויסגאַבען. דער מאַקסימום וואָס מען קאָן טרוימען צו
האָבען פון פראַנקרייך זעלבסט איז 20 טויזענט דאָל. אַ
יאָר. וואו נעמט מען די איבעריגע געלט? איך האָב שוין

צופיל געליטען פון מיין פריערדיגער ארבעט אז איך זאָל קאָנען ווידער בויען אָן ביודעזשעטען.

עס רעדט זיך וועגען „קלעימס קאָנפערענץ" (דייטשע רעפעראַציעס). די אידישע צדקה פעדעריישן פון פראַנק־רייך (פאָנד סאָציאַל זשוויף אוניפּי) אין איהר צירקוליאַר פון 11־טן יוני דעם יאָר צו אלע אידישע אָרגאַניזאַציעס אין פראַנקרייך האָט פאָרגעלייגט צוצושטעלען פּלאַנען פון קול־טור אַרבעט און ביודזשעטען פאַר עטליכע יאָר פאָראויס. אַלע פלענער און ביודזשעטען פון אָרגאַניזאַציעס (און יחידים) ווערען אָפּגעשיקט צו דעם קולטור דעפּאַרטאַמענט פון דער קלעימס קאָנפערענץ אין ניו־יאָרק. מיר האָבען צו־געשטעלט אונזער פּלאַן און ביודזשעט פאַר די ביידע מוסדות.

אָבער, ערשטענס: איך בין געגען נעמען דייטשע געלט. איך וועל ניט מיד ווערען דאָס הונדערט מאָל צו זאָגען. אין מיינע אויערען שטייט נאָך דער טויט געשריי פון אונזערע דערמאָרדעטע קינדער. איך וויל ניט קיין קדושה וואָס זאָל קומען פון טומאה. איך וויל ניט קיין דייטשע געלט.

איך וויל ניט אַז אויף איין רגע, זאָל באַ אונז שוואַכער ווערן, דער האַס, דער געפיל פון נקמה. איך ווייס ניט קיין פרייז פון אידישע בלוט און איך בין געגען דעם מין האַנדעל. יעדער איש פּרטי, קאָן און דאַרף מאָנען גוט צו מאַכען זיין מאַטעריעלען היזק. אָבער קיין כלל טאָר זיך דערמיט ניט פאַרנעמען.

וואָס פאַר אַ שאַנד־שידוך דאָס וואָלט חלילה געווען: דער הייליגער נאָמען פון בעל שם טוב זכרונו לברכה, און דייטשע געלט.

איך ווייס ווי עס איז שווער צו זאַמלען געלט. אָבער, מיר איז לייכטער צו שטעלען זיך אויף די קני פאַר דעם ביטערסטען אידען און זאָגען צו אים: העלף מיר פון דיין ביטערער, אָבער אידישער האַנד. צווינג מיך ניט צו נעמען געלט באַ די מערדער פון אונזער פאָלק.

צווייטענס, שרעקט זיך ניט אז איך פטר געלט. איר שטייט נאָך ניט ביי דעם נסיון. מען גיט אייך נאָך ניט. און איך ווייס ניט אויב מען וועט אייך געבען. אלע תירו־ציס וועלען זיך געפינען, רעכטע און לינקע, נאָר קיין געלט ניט געבען.

ווייל די מענשען, די געלט־עסקנים, האָבען ניט פאַר־שטאַנען אַז צווישען אַלע קרבנות וואָס אונזער פאָלק האָט געגעבען, איז פאַראַן נאָך אַ קרבן: תורה. זיי פאַר־שטייען ניט וואָס פאַר אַ פערלוסט פון תורה מיר האָבען געהאַט און זיי זוכען ניט דאָס צו גוט מאַכען.

די, וועלכע שרייבען אין זייערע ענציקלאָפעדיעס: „פסח — אַ יום טוב באַ פרומע אידען„ ווייסען ניט פון אונזער קולטור. זיי זוכען כלומר׳שט קולטור אויף רעכטס און לינקס. נאָר אויף תורה גיבען זיי גראָשענ׳ס, געצוואונגענערהייט.

ווייל תורה איז דאָך די „קולטור פון פרומע אידען״. מענשען מיט אַזאַ אופן פון דענקען וועלען דען אונז שטיצען?

אָבער, איך האָב צוגעשטעלט ביודזשעטען, ווייל איך האָב ניט געוואָלט אַרויפצווינגען מיין מיינונג אויף אנדערע. אגב, עס זיינען דאָ צווישען די געלט עסקנים אויך אוהבי תורה.

עס איז דאָ נאָך אַ מעגליכקייט פון אַ ספּעציעלער שטיצע, דאָס זיינען די בעפרייטע פאָנדען פון דייטשע אידען. דאָס זיינען אידישע געלט. די פאָנדען קאָן נאָר בעטען אַן אָרגאַ־ניזאַציע וועלכע עקזיסטירט שוין עטליכע יאָר, און וועלכע וועט די פאָנדען אויסגעבען דאָ, אין אַמעריקע.

און עס בלייבט אויך איבער כדאתמול, ווי פריהער: אידען, יחידים און אָרגאַניזאַציעס. מיין האָפענונג איז, אַז עס וועלען זיך געפינען הייליגע מענטשען, וואָס גלויבען באמונה שלמה אין עבדי ה׳, וואָס ווילען אַז דער זכות פון בעל שם טוב זאָל מיט זיי מיטגיין אין זייער לעבען. פון די יחידים און אָר־גאַניזאַציעס האָב איך דעם כבוד צו בעטען בכל לשון פון תחנה ובקשה:

א) העלפט דעם ועד בנין ישיבת הבעל שם טוב וועלכער שטייט אונטער מיין לייטונג אויפצובויען ביידע אינסטיטוציעס. העלפט, און אָרגאַניזירט הילף, לויט דער נוטיגקייט פון ביודזשעט און לויט אייערע מעגליכקייטען.

ב) גיט דעם קאָמיטעט דעם מאַקסימום פון מאָראַלישע שטיצע דורך ספּאַנסערען די אָרגאַניזאַציע מיט אייער נאָמען.

ג) געפינט פאַר יעדען מוסד אַ מייסד ראשי, וועלכער זאָל פאַראייביקען זיין נאָמען אויף דעם מוסד אָדער דעם נאָמען פון דעם וואָס איז איהם טייער.

ד) ווי איז אייער מיינונג וועגען „קלעימס קאָנפערענץ״ ?

(פילט אויס, איך בעט אייך, דעם בייגעלייגטען בויגען).

בזכות התורה, בזכות קדוש ה׳ הבעל שם טוב ז״ל,

לשנה טובה תכתבו ותחתמו

שניאור זלמן שניאורסאהן



---

**פאַר אייער חשוב'ן ענטפער :**

א) וועגען הילף : ........................................

........................................................

ב) אייער נאָמען ווי א ספאנסאר : ..............................

........................................................

ג) וועגען א מיסד ראשי : ..................................

........................................................

ד) אייער מיינונג וועגען קלעיימס קאָנפערענץ : ....................

........................................................

